יודישע

# פאלקס-
# ליעדער

מיט נאָטען



יודישע

# פאָלקס-ליעדער

א זאמלונג פון פּאָפּולערסטע פאָלקס-ליעדער

מיט נאָטען.

פערלאַג „לירא", וואַרשאָ. תרע"ז, 1917.


WITHDRAWN FROM
DUPLICATE
COLLECTION
OF YIVO

181318

# אינהאלט:



---

*) די לידער, וואָס זענען בעצייכענט מיט א שטערנדל (*), זענען צו זיי איך נאָטען געדרוקט.

## אינהאַלט.

# הער נור, דו שען מיידעלע...

הער נור, דו שען מיידעלע,
הער נור, דו פֿיין מיידעלע,
וואָס וועסטו טהון אין אזא ווייטען וועג?
וואָס וועסטו טהון אין אזא ווייטען וועג?

— איך וועל געהן אין אלע גאַסען
און וועל שרייען: „וועש צום וואשען!״
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נור, דו שען מיידעלע,
הער נור, דו פֿיין מיידעלע,
וואו וועסטו וואַשען אין אזא ווייטען וועג?
וואו וועסטו וואַשען אין אזא ווייטען וועג?

## הער נאָר דו שען מיידעלע.













— דו מוזט מיינען, אז איך בין שוואַך,
איך קאָן וואַשען וועש ביים טייך,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נור, דו שען מיידעלע,
הער נור, דו פיין מיידעלע,
אויף וואָס וועסטו טריקענען אין אזא
וויטען וועג?
אויף וואָס וועסטו טריקענען אין אזא
וויטען וועג?

— כ'וועל פערקויפען מיין מונדיר
און וועל מיר קויפען א לאנגע שניר,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נור, דו שען מיידעלע,
הער נור, דו פיין מיידעלע,



וואָס וועסטו עסען אין אזא וויטען וועג?
וואָס וועסטו עסען אין אזא וויטען וועג?

— ברויט מיט זאַלץ וועל איך עסען,
טאַטע-מאַמעס וועל איך פערגעסען,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נור, דו שען מיידעלע,
הער נור, דו פיין מיידעלע,
אויף וואָס וועסטו שלאָפען אין אזא
וויטען וועג?
אויף וואָס וועסטו שלאָפען אין אזא
וויטען וועג?

— איך בין נאָך א יונגע פרוי,
איך קאָן שלאָפען אויף א בינטעל שטרוי,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נור, דו שען מײַדעלע,
הער נור, דו פײַן מײַדעלע,
מיט וואָס וועסטו זיך צו־דעקען אין אזא
ווײַטען וועג?
מיט וואָס וועסטו זיך צו־דעקען אין אזא
ווײַטען וועג?

דער טהוי פון הימעל וועט מיך צו־דעקען,
די פויגעלעך וועלען מיך אויפוועקען,
אבי מיט דיר צוזאמען זײַן,
אבי מיט דיר צוזאמען זײַן!





## פון „שיר השירים".

שטעה־זשע אויף, דו שטילער ווינד,
קום פון דרום־זײַט געשווינד—
אין מײַן גאָרטען קום!
ער וועט פרישע פירות געבען,
זיסע ריחות וועלען שוועבען
אין מײַן גאָרטען אומעטום.

קום, מײַן ליעבסטער, אין מײַן גאָרטען,
זון און בלומען וואַרט אונז דאָרטען,
גיכער קום צו מיר.
כ'האָב אַ שאָטען דאָ אַ קאַלטען,
כ'האָב אַנ'עפעלע בעהאַלטען,—
כ'וועל איהם שענקען דיר.

# דו מײַדעלע, דו פײַנס...

דו מײַדעלע, דו פֿײַנס, דו מײַדעלע, דו שענס,
כ'וועל דיך עפּיס פֿרעגנן אַ רעטעניש אַ קלײַנס:
וואו זענען דאָ בײַנק אָהן טיש?
וואו איז דאָ וואַסער אָהן פֿיש!

— דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער חלאָפּ,
ווי האָסטו נישט קיין שכל אין דײַנעם קאָפּ!
אין באָד זענען דאָ בײַנק אָהן טיש,
אין מקוה איז דאָ וואַסער אָהן פֿיש.

דו מײַדעלע, דו פֿײַנס, דו מײַדעלע, דו שענס,
כ'וועל דיך עפּיס פֿרעגנן אַ רעטעניש אַ קלײַנס:
וואו איז דאָ הײַסער אָהן זאַמד!
וואו איז דא אַ מלך אַהן אַ לאַנד!

## דו מיידעלע דו פֿיינס.















— דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער חלאָפּ,
ווי האָסטו נישט קיין שכל אין דיינעם קאָפּ!
דאָס וואַסער פון אויג איז אָהן זאַמד,
דער מלך אין קאָרטען איז אָהן אַ לאַנד.

דו מיידעלע, דו פיינס, דו מיידעלע, דו שענס,
כ'וועל דיך עפּיס פרעגן אַ רעטעניש אַ קליינס:
וואָס פליהט אָהן פליגעל?
וואָס איז געמויערט אָהן ציגעל?

— דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער חלאָפּ,
ווי האָסטו נישט קיין שכל אין דיינעם קאָפּ!
שניי פליהט דאָך אָהן פליגעל,
דער פראָסט איז געמויערט אָהן ציגעל.

דו מיידעלע, דו פיינס, דו מיידעלע, דו שענס,
כ'וועל דיך עפּיס פרעגן אַ רעטעניש אַ קליינס:
וואָס איז רויטער פון אַ פלאַם?



וואָס איז געטרייער פון אַ מאַן?

— דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער חלאָפּ,
ווי האָסטו נישט קיין שכל אין דיינעם קאָפּ!
די פאַן איז רויטער פון אַ פלאַם,
און אַ טאַטע איז געטרייער פון אַ מאַן.

דו מיידעלע, דו פיינס, דו מיידעלע, דו שענס,
כ'וועל דיך עפּיס פרעגן אַ רעטעניש אַ קליינס:
וואָס איז העכער פון דעם לייב
און וואָס איז געטרייער פון אַ ווייב?

— דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער חלאָפּ,
ווי האָסטו נישט קיין שכל אין דיינעם קאָפּ!
דאָס הארץ איז העכער פון דעם לייב,
און אַ מאַמע איז געטרייער פון אַ ווייב.

## קומט דער ליעבער זומער.

קומט דער ליעבער זומער,
שפיעלען מיר אין זאמד;
וואו ס׳איז אונזער וואוינונג,
דארט איז אונזער לאנד.

שווארצע קארשען רייסען מיר,
רויטע לאָזען מיר שטעהן;
שענע חתנים נעהמען מיר,
מאוס׳ע לאָזען מיר געהן.

געה איך ארום שוהל, ארום שוהל,
בעגעגען איך דעם רב׳ס זוהן.
זאָל ער מיט מיר ריידען,
שטעהט דאָך איהם נישט אָן!

זאָל ער מיט מיר נישט ריידען,
איז ער דאָך מיין מאן!
מיין מאן, מיין מאן איז ער געבליבען
זיין געלד האָט ער אין ביטעל געקליבען.

## גיה איך מיר צו צום שטעלכעלע.

*Andante*


















## גײה איך מיר צו צום שטעלעכעל.

גײה איך מיר צו צום שטעלעכעל, אײנס, צװײ, דרײ!
דאָ שטעהט זיך מיר אַ פערדעלע, אָי, װי שען!
דאָ פרעג איך מיר מײן װײבעלע, װער דאָס פערדעלע איז?
„דאָס איז דאָך גאָר אַ מילך־קוה פון מײן מאַמעשי!"
אָי װעה, אַ מילך־קוה מיט אַזעלכע זאָטעלעך!
אָי װעה, אַ מילך־קוה מיט אַזעלכע זאָטעלעך!

גײה איך מיר אַרײן אין שטיבעלע, אײנס צװײ, דרײ!
דאָ הענגט זיך מיר אַ שינעלעכיל, אָי, װי שען!
דאָ פרעג איך מיר מײן װײבעלע, װער דאָס שינעלעכיל איז?
„דאָס איז דאָך גאָר אַ שלאָף־רעקעל פון מײן מאַמעשי!"
אָי װעה, אַ שלאָף־רעקעל מיט מעשענע קנעפעלעך!
אָי װעה, אַ שלאָף־רעקעל מיט מעשענע קנעפעלעך!

געה איך מיר צו צום טישעלע, איינס, צוויי, דריי!
דאָ ליעגט זיך מיר א היטעל'ע, אָי, ווי שען!
דאָ פרעג איך מיר מיין ווייבעלע, ווער דאָס היטעלע איז?
„דאָס איז גאָר אַ שלאָף-קופּקע*) פון מיין מאַמעשי!"
אָי ווערה, אַ שלאָף-קופּקע מיט אַזעלכע דאַשיקעס!
אָי ווערה, אַ שלאָף-קופּקע מיט אַזעלכע דאַשיקעס!

געה איך מיר צו צום בענקעלע, איינס, צוויי, דריי!
דאָ ליעגט זיך מיר אַ פּאַסעקעל, אָי, ווי שען,
דאָ פרעג איך מיין ווייבעלע, ווער דאָס פּאַסעקעל איז?
„דאָס איז גאָר א זאָקען-בענדעל פון מיין מאַמעשי!"
אָי ווערה, אַ זאָקען-בענדעל מיט אַזעלכע שנאַלעכלעך!
אָי ווערה, אַ זאָקען-בענדעל מיט אַזעלכע שנאַלעכלעך!

געה איך מיר צו צום שענקעלע, איינס, צוויי, דריי:
דאָ שטעהט זיך מיר אַ שווערדעלע, אָי, ווי שען!

*) אַ הייבעל.

דאָ פרעג איך מיר מײַן װײַבעלע, װער דאָס שװערדעלע איז?
„דאָס איז דאָך גאָר אַ האַק־מעסער פון מײַן מאַמעשי!"
אָי װעה, אַ האַק־מעסער מיט אַזעלכע פרעגזועלעך!
אָי װעה, אַ האַק־מעסער מיט אַזעלכע פרעגנזועלעך!

געה איך מיר צו צום װינקעלע, אײנס, צװײ, דרײַ!
דאָ שטעהט זיך מיר אַ פּאָר שטיװועלעך, אָי, װי שען!
דאָ פרעג איך מיר מײַן װײַבעלע, װער די שטיװועלעך זענען?
„דאָס איז דאָך גאָר אַ פּאָר מילך־טעפּ פון מײַן מאַמעשי!"
אָי װעה, אַ פּאָר מילך־טעפּ מיט אַזעלכע שפּאָרנדלעך!
אָי װעה, אַ פּאָר מילך־טעפּ מיט אַזעלכע שפּאָרנדלעך!

געה איך מיר צו צום שטוּהלכעלע, אײנס, צװײ, דרײַ!
דאָ ליעגט זיך מיר אַ פּאָר הױזעלעך, אָי, װי שען!
דאָ פרעג איך מיר מײַן װײַבעלע, װער די הױזעלעך זענען?
„דאָס איז דאָך גאָר אַ פּאָר מײַטקעלעך פון מײַן מאַמעשי!"
אָי װעה, אַ פּאָר מײַטקעלעך. מיט אַזעלכע לאַמפּאַסען!
אָי װעה, אַ פּאָר מײַטקעלעך מיט אַזעלכע לאַמפּאַסען!

געה איך מיר צו צום בעטעלע, איינס, צוויי, דריי!
דאָ ליעגט זיך מיר אַ פּאַצעטעלע *), אָי, ווי שען!
דאָ פרעג איך מיר מיין ווייבעלע, ווער דאָס פּאַצעטעלע איז!
„דאָס איז דאָך גאָר אַ מילך־מויד פון מיין מאַמעשי“!
אָי ווער, אַ מילך־מויד מיט אַזעלכע וואָנסעלעך!
אָי וועה, אַ מילך־מויד מיט אַזעלכע וואָנסעלעך!



*) אַ פּרצנכ.

# דער קאַנאַריק.

עס טרילערט דער קאַנאַריק
אין פֿרײַען וואַלד אַליין;
ווער קאָן זײַן שמחה פֿיהלען,
ווער קאָן זײַן פֿרייד פֿערשטעהן?
עס טרילערט דער קאַנאַריק
אין רײַכסטען פּאַלאַץ שען;
ווער קאָן זײַן וועהטאָג פֿיהלען,
ווער קאָן זײַן שמערץ פֿערשטעהן?



דער קאַנאַריק.





















# דאָס שניידער ליעד.















# דאָס שניידער-ליעד.

אַז די יום-טוב׳דיגע טעג הויבען זיך אָן
צו בעווייזען,
ווער איך ביי מיר טאַקע אַ גדול;
איך לעג מיר אַוועק מיין שער-און-אייזען
און וואו איך האָב נור אַ נאָדעל.
אויפגעהערט נעהן אַרבייט זוכען,
האַרצעדיגער טאַטע!
אַ גלעזעלע וויין אום יום-טוב צו פערזוכען,
איז בעסער, ווי צו לעגען אַ לאַטע.

די קינדער — זאַט, ס׳איז טאַקע אַ חדוש,
זיי שפּילען זיך אַקח און מקח;
נאָך דער שוהל מאַך איך אַ גוטען קדוש
און פערבייס מיט קאָרענעם לעקאַך;
צו די פיש האָב איך קיין טענות.



מען רעדט און מען קנאַקט זיך ניסלעך.
אוי, כ׳וועל אייך זאָגען, טייערע קינדער,
די מעשה איז נאָרנישט קיין נייע, —
אַז גאָט וויל, מאַכט ער די גרעסטע וואונדער
ביי זיך אין דער מאַסטערסקאיע.

נור די יום-טוב׳דיגע טעג געהען שוין אַוועק,
האַרצעדיגער טאַטע!
ווידער נייהען, ווידער שניידען,
ווידער לעגען אַ לאַטע;
ווידער נעהן אַרבייט זוכען,
ווידער שטיוועל רייסען...
זאָג-זשע נור, חנה הערצעניו לעבען,
צי האָסטו נאָך וואָס פון יום-טוב צו פערבייסען?!



### פֿאָהרט דער חסיד'ל...

*Allegro*













## פֿאָהרט דאָס חָסִיד'ל צוּ דעם רֶבִּי'ן.

פֿאָהרט דאָס חסיד'ל צוּ דעם רבּי'ן,
האָט אִיהם אָנגעחאַפּט אַ שְׁלאַקס־רעגען.
מאַכט דאָס חסיד'ל: בִּים, בּאָם!
מאַכט דאָס חסיד'ל: בִּים, בּאָם!

ווי דער שלאַקס־רעגען האָט אִיהם אָנגענוּמען,
אִיז ער אִין קרעטשמע אַרײַנגעקוּמען.
מאַכט דאָס חסיד'ל: בִּים, בּאָם!
מאַכט דאָס חסיד'ל: בִּים, בּאָם!

ווי ער האָט גענוּמען אַ גלעזעל בּראָנפֿען טרִינקען,
האָט ער גענוּמען צוּם מיידעל ווִינקען.

מאַכט דאָס חסיד׳ל: בים, באָם!
מאַכט דאָס חסיד׳ל: בים, באָם;

„מײַדעלע, מײַדעלע, ביזט מיר װעהר געפעלען,
איך װעל דיר שענקען אַ שנירל קרעלען!"
מאַכט דאָס חסיד׳ל... א. א. װ.

דאָס שנירעל קרעלען האָט זי צוגענומען
און איהם האָט זי געהײַסען שפּעטער קומען,
מאַכט דאָס חסיד׳ל... א. א. װ,

„מײַדעלע, מײַדעלע, ביזט מיר װעהר גוט
איך װעל דיר שענקען אַ שענעם הוט!"
מאַכט דאָס חסיד׳ל... א. א. װ.

דעם שעהנעם הוט האָט זי צוגענומען
און איהם האָט זי געהײַסען שפּעטער קומע,
מאַכט דאָס חסיד׳ל... א. א. װ.

„מײַדעלע, מײַדעלע, ביזט מיר װעהר שעז,



איך װעל דיר שענקען אַ גאָלדענע קרױן!"
מאַכט דאָס חסיד׳ל... א. א. װ.

די גאָלדענע קרױן האָט זי צוגענומען
און איהם האָט זי געהײַסען שפּעטער קומען,
מאַכט דאָס חסיד׳ל... א. א. װ.

„מײַדעלע, מײַדעלע, גיב אָב מײַנע זאַכען"!
—„פון אַזאַ חסיד מעג מען לאַכען!"
מאַכט דאָס חסיד׳ל... א. א. װ.

איז ער אַװעק אָהן װעג און שטעג,
װי אַ הונד אין די נײַן טעג.
מאַכט דאָס חסיד׳ל: בים, באָם!
מאַכט דאָס חסיד׳ל: בים, באָם!



## אַ שנײַדער איז גוט צו זײַן.

זיץ איך מיר, אַ פּיסעלע איבער אַ פּים,
און זינג מיר אַ ליעדעלע צוקער־זיס.
אַ שנײַדער צו זײַן איז גאָר אַ'ים די וועלט,—
וואוהין ער קומט, פערדינט ער געלט!
אַז די יאָלדען וואָלטען זיך וועלען בעקלערען,
וואָלטען זיי אַלע שנײַדערס ווערען.
ווער קאָן רײַדען חניפה׳דיגע רייד
און ווער קאָן נײַהען שען אַ קלייד,
און ווער איז טאַקע אַ פײַנער יונג?
טאַקע איך—משה קלונג!



### א ליעד פֿון א פֿייגעלע.


















## אַ ליעד פון אַ פויגעלע.

איך געה אַרוים אויפ'ן גאַניקעל,
דאָס שטערטעלע בעקוקען,
איך געה ארוים אויפ'ן גאַניקעל
דאָס שטערטעלע בעקוקען.
קומט צופליהען אַ קליין פויגעלע
און טהוט זיך צו מיר בוקען,
קומט צופליהען אַ קליין פויגעלע
און טהוט זיך צו מיר בוקען.

נישט אַזוי דאָס קליינע פויגעלע,
ווי איהר שענער פליהען,
נישט אַזוי דאָס קליינע פויגעלע,
ווי איהר שענער פליהען.



זי ווארפט אַראָב מיר אַ קליין בריוועלע,
איך טהו עס גלייך בעקומען,
זי ווארפט אראָב מיר אַ קליין בריוועלע,
איך טהו עס גלייך בעקומען!

איך לייען־איבער די ערשטע שורה'לע —
דער געליבטער איז פערדאָרבען,
איך לייען־איבער די צווייטע שורה'לע —
דער געליבטער איז געשטאָרבען!
קלויבט צונויף אַלע מיינע חבר'טעס,
אַלעמען אינאיינעם,
די, וואָס האָט נור אַ ליעבע געפיהרט,
זאָל מיר העלפען וויינען!



# אַ גְנֵבָה.

בײַ מײַן רֶבי'ן איז געוועזן,
איז געוועזן בײַ מײַן רבי'ן,
בײַ מײַן רבי'ן איז געוועזן
אַ גְנֵבָה!
זיבען העמדער ווי די בלעטער,
דרײַ מיט לאַטעס, פיער מיט לעכער.
אַ גְנֵבָה!

בײַ מײַן רבי'ן איז געוועזן,
איז געוועזן בײַ מײַן רבי'ן,
בײַ מײַן רבי'ן איז געוועזן
אַ גְנֵבָה!
זיבען לײַכטער ווי די בערן,
דרײַ אָהן פיסלעך,
פיער אָהן רעהרען —
אַ גנבה!

אַ גְנֵבָה.















## לְחַיִים, רֶבּי!

לחיים, רבי,
האָט אַ גוטע וואָך,
שרײַט יעדערער בעזונדער,
אָך, אָך!
קײַן מַשְׁקֶה נישט געזשאַלעוועט,
לאָמיר טרינקען נאָך
מיר האָבען אויסגעבעטען
אַ גוטע וואָך,
מיר האָבען אויסגעבעטען
אַ גוטע וואָך!




















## אַ מאָל איז געווען אַ מעשה.



















# אַמאָל איז געווען אַ מַעֲשֶׂה.

אַמאָל איז געווען אַ מעשה,
די מעשה איז גאָרנישט פרעהליך,
די מעשה הויבט זיך אָנ'עט
מיט אַ יודישען מלך.
ליולינקע, מיין פויגעלע,
ליולינקע, מיין קינד.
כ'האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

אַמאָל איז געווען אַ מלך,
דער מלך האָט געהאַט אַ מלכּה,

די מלכּה האָט געהאַט אַ ווייַנגאָרטען,
ליוּלינקע, מייַן קינד.
ליוּלינקע, מייַן פֿויגעלע... א. א. ח

אין ווייַנגאָרטען איז געווען אַ בּוימעלע,
דאָס בּוימעלע האָט געהאַט אַ צווייַגעלע,
אויפֿ'ן צווייַגעלע איז געווען אַ נעסטעלע,
אין נעסטעלע האָט געלעבּט אַ פֿויגעלע.
ליוּלינקע, מייַן פֿויגעלע... א. א. ח.

דער מלך איז אָבּגעשטאָרבּען,
די מלכּה איז אויך פֿערדאָרבּען;
דאָס בּוימעלע איז אייַנגעפֿאַלען,
דאָס פֿויגעלע אויך פֿערפֿאַלען.
ליוּלינקע, מייַן פֿויגעלע... א. א. ח.

וואז נעהמט מען אַזאַ לייטער,
לאַנג פֿון טויזענד איילען!



וואז נעהמט מען אַזאַ חכם.
ער זאָל קאָנען די שטערען צעהלען!
ליוּלינקע, מייַן פֿויגעלע... א. א. ח.

וואז נעהמט מען אַזאַ חכם,
ער זאָל קאָנען מייַנע וואונדען צעהלען!
וואז נעהמט מען אַזאַ דאָקטאָר,
ער זאָל קאָנען מייַן הארץ היילען!
ליוּלינקע, מייַן פֿויגעלע... א. א. ח.



## שלאָף מיין קינד
















## שלאָף, מײַן קינד!

שלאָף, מײַן קינד, מײַן טרייסט, מײַן שענע,
שלאָף, מײַן זוהנעניו!
שלאָף, מײַן קרוין, מײַן קדיש איינער,
ליולינקע ליו-ליו.

בײַ דײַן וויגעל זיצט דײַן מאַמע,
זינגט א ליעד און וויינט;
וועסט אמאָל פערשטעהן מסתמא,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אמעריקע דער טאַטע
דײַנער, זוהנעניו!
ביזט א קינד נאָך, שלאָף לעת עתה
שלאָף-זשע, שלאָף ליו-ליו.

דאָס אַמעריקע פאַר יעדען,
זאָגט מען, איז אַ גליק,
און פאַר יודען אַ גן־עדן,—
עפּיס אַנ׳אַנטיק.

דאָרטען ווייסט מען פון קיין גלות,
גזרות, זוּהנעניו,
פון קיין צרות, קיין יללות,
שלאָף=זשע, שלאָף ליו־ליו.

דאָרטען, זאָגט מען, זענען יודען,
קיין עין=הרע, רייך;
יעדער לעבט זיך דאָרט צופריעדען,—
אַלע זענען גלייך.

דאָרטען עסט מען אין דערוואָכען
חלה, זוּהנעניו!
יאַיכלעך וועל איך דיר דאָרט קאָכען,
שלאָף=זשע, שלאָף ליו=ליו.



נאָר דערווײַלע לאָמיר האָפען,
אוי, וואָס קאָן מען טהון?
כ׳וואָלט שוין לאַנג צו׳ן איהם געטראָפען,
ווייס איך נישט וואוהין...

גאָט וועט הייסען, וועט ער שיקען
בריוולעך, זוּהנעניו!
גאָר אין גיכען אונז בעגליקען,
שלאָף=זשע, שלאָף ליו=ליו.

ער וועט שיקען צוואַנציג דאָלאַר,
זיין פאָרטרעט דערצו,
און וועט נעהמען, לעבען זאָל ער
אונז אַהינציצו.

ער וועט אַלץ פון אונזערטוועגען
שאַפען, זוּהנעניו,
און וועט פאָהרען אונז אַקעגען,
שלאָף=זשע, שלאָף ליו=ליו.

און וועט האָפּען דיך צום קישען,
שווײַגען אַזש פֿאַר פֿרייד;
איך וועל קוואַלען טרעהרען גיסען,
וויינען שטילערהייד.

ביז עס קומט דאָס גוטע קווינטעל,
דאַרף מען, זוהנעניו,
שלאָפֿען; ס'איז אַ טײַער מיטעל,—
ליולינקע, ליו־ליו.



## מײַן האַרץ, מײַן האַרץ.

מײַן האַרץ, מײַן האַרץ וויינט אין מיר,
אז איך דאַרף מיך שיידען איצט מיט דיר;
מײַנע געדאַנקען — אהין, אהער,
מיט דיר צו שיידען איז מיר שווער.



וואוהין פֿאָהרסטו, מײַן זיס־לעבען,
וואוהין פֿאָהרסטו פֿון מיר אוועק?
וואו וועל איך דיך דאַרפֿען זוכען?
זאָג־זשע מיר, אויף וועלכען וועג?

פֿון ערשטען שטעדטעלע, פֿון ערשטען דערפֿעלע,
דאָס ערשטע בריוועלע שרײַב צו מיר;
בעטען בעט איך דיך, מײַן זיס־לעבען,
פֿערגעסען זאָלסטו נישט אָן מיר!

וועסטו קומען צו אַ וואַסער'ל,
זאָלסטו זיך נישט טרענקען;
וועסטו קומען צו אַנ'אַנדער מיידעלע,
זאָלסטו מיך געדענקען!



# אַבּראַם, אַבּראַם.

אַבּראַם, אַבּראַם, אָטשע נאַש!
טשעוואָ ניע חאָדיש,
טשעוואָ ניע פּראָסיש,
טשעוואָ ניע מאָליש
באָגאַ זאַ נאַם,—
זשעב אָן נאַם וויוואָדיל,
זשעב אָן נאַם וויזוואָליל—
וואוהין?
לְאַרְצֵנוּ!

יצחק, יצחק, בלאַגאָדיעטעל נאַש!
טשעוואָ א. א. וו.

יעקב, יעקב, פּאַסטוך נאַש!
טשעוואָ א. א. וו.

אַבראַם, אַבראַם.


















## צוויי טײַבעלעך.





















# אונטער׳ן שלאָס.

אונטער׳ן שלאָס, פּערעהאָז,
שטעהט אסתּר די גרינע;
אסתּר שטעהט, דער חתן געהט,
מײַנט זי: — אברהם אבינו.

וואָלט זי וויסען, ווער דאָס איז,
וואָלט זי צו איהם ווינקען;
וואָלט זי האָבען אַ גלעזעלע וויין,
וואָלט זי צו איהם טרינקען.

וואָלט זי האָבען פערד־און־וואָגען,
וואָלט זי צו איהם לויפען;
וואָלט זי האָבען אַ זעקעלע געלד,
וואָלט זי איהם אָבקויפען.

# צווי טײַבעלעך.

צווי טײַבעלעך זענען איבער אַ וואַסער געפלויגען,
אין די פיסקעלעך האָבען זײ זיך געקישט,
אין די פיסקעלעך האָבען זײ זיך געקישט,—
פערשאָלטען זאָל ווערען נור יענער מענש,
וואָס האָט זיך אין אונזער ליעבע אַרײַנגעמישט!
פערשאָלטען זאָל ווערען נור יענער מענש
וואָס האָט זיך אין אונזער ליעבע אַרײַנגעמישט!

און אַז דו וועסט קומען אין אַ ווײַטע שטאָדט, ליובעניו,
מײַנע רײד זאָלסטו בעדענקען,
מײַנע רײד זאָלסטו בעדענקען;
און אַז דו וועסט קומען איבער אַ וואַסער, ליובעניו,
פאַר צרות זאָלסטו דיך נישט דערטרענקען,
און אַז דו וועסט קומען איבער אַ וואַסער, ליובעניו,
פאַר צרות זאָלסטו דיך נישט דערטרענקען.

און אַז דו וועסט קומען אין אַ פרעמדע שטאָדט, ליובעניו,
מײַנע רייד זאָלסטו בעקענען,
מײַנע רייד זאָלסטו בעקענען,
און אַז דו וועסט קומען איבער אַ פײַער, ליובעניו,
פאַר צרות זאָלסטו דיך נישט פערברענען,
און אַז דו וועסט קומען איבער אַ פײַער, ליובעניו,
פאַר צרות זאָלסטו דיך נישט פערברענען.

צוויי טײַבעלעך זענען איבער אַ וואַסער געפלויגען
און די פליגעלעך אַזוי זיך צושפּרייט,
און די פליגעלעך אַזוי זיך צושפּרייט,—
פערשאָלטען זאָל ווערען נור יענער מענש,
וואָס האָט אונזער ליעבע אַזוי גיך צושיידט!
פערשאָלטען זאָל ווערען נור יענער מענש,
וואָס האָט אונזער ליעבע אַזוי גיך צושיידט!



# וואָס וועט זײַן, אַז מָשִׁיחַ וועט קומען?

—זאָג־זשע, רֶבּי'ניו!
וואָס וועט זײַן, אַז מָשִׁיחַ וועט קומען?
—אַז מָשִׁיחַ וועט קומען, וועלען מיר
מאַכען אַ סעוּדָה'ניו.
—וואָס וועלען מיר עסען אויף דער
סעוּדָה'ניו?
—דעם שור הַבָּר מיט'ן לִוְיָתָן,
דעם שור הַבָּר מיט'ן לִוְיָתָן,—
דעם שור הַבָּר מיט'ן לִוְיָתָן וועלען
מיר עסען
אויף דער סעוּדָה'ניו!

—וואָס וועלען מיר טרינקען אויף דער
סעוּדָה'ניו?
—דעם יין המשומר,

## וואס וועט זיין אז משיח וועט קומען?











דעם יין המשומר,
דעם יין המשומר וועלען מיר טרינקען,—
דעם שור הבר מיט'ן לויתן וועלען
מיר עסען

אויף דער סעודה'ניו!

—ווער וועט אונז תורה זאגען אויף
דער סעודה'ניו?

—משה רבינו,
משה רבינו,
משה רבינו וועט אונז תורה זאגען,
דעם יין המשומר וועלען מיר טרינקען,
דעם שור הבר מיט'ן לויתן וועלען
מיר עסען

אויף דער סעודה'ניו!

—ווער וועט אונז שפּיעלען אויף דער
סעודה'ניו!



—דוד המלך,
דוד המלך,—
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען,
משה רבינו וועט אונז תורה זאגען,
דעם יין המשומר וועלען מיר טרינקען,
דעם שור הבר מיט'ן לויתן וועלען
מיר עסען

אויף דער סעודה'ניו!

—ווער וועט אונז חכמה זאגען אויף
דער סעודה'ניו!

—שלמה המלך,
שלמה המלך,—
שלמה המלך וועט אונז חכמה זאגען,
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען,
משה רבינו וועט אונז תורה זאגען,
דעם יין המשומר וועלען מיר טרינקען,

דעם שור הַבָּר מיט'ן לִוְיָתָן וועלען
מיר עסען
אויף דער סעודה'ניו!

—ווער וועט אונז טאנצען אויף דער
סעודה'ניו?
—מִרְיָם הַנְבִיאָה
מִרְיָם הַנְבִיאָה,—
מִרְיָם הַנְבִיאָה וועט אונז טאנצען,
שלמה הַמֶלֶך וועט אונז חָכְמָה זאָגען,
דָוִד הַמֶלֶך וועט אונז שפּיעלען,
משֶׁה רַבֵּינוּ וועט אונז תּוֹרָה זאָגען,
דעם יַיִן הַמְשׁוּמָר וועלען מיר טרינקען,
דעם שור הַבָּר מיט'ן לִוְיָתָן וועלען
מיר עסען
אויף דער סעודה'ניו!



## צו דער חופּה געהענדיג.

צו דער חופּה געהענדיג,
געהט דאָס חתנ'דעל וויינענדיג:
אָי, וועה, וואָס איך וויין?--
כ'וואָלט שוין גערן עסען געהן!

פון דעם עסען געהענדיג,
געהט דאָס חתנ'דעל וויינענדיג:
אָי, וועה, וואָס איך וויין?—
כ'וואָלט שוין גערן אהיים געהן!

פון דער חתונה געהענדיג,
געהט דאָס חתנ'דעל לאַכענדיג:
אָי, איך לאַך, אָי, אך לאַך,
האָט'ס מיר אַלע א גוטע נאַכט!

# דער פּאַראָם.


Moderato
און טיעף — איז וואס טייך אַ בײ


— ברעג פיים פּיהר בער אי אַנ זעה איך בריים


איהם צו — — — לע אַ און שטעהט


pp
טען זײ רע בײ פּון הען צי


שען מען גען ברע רע בײ פּון


הין א - דת-לעג איי גען יוע און פערד


שען - מען לע - אַ די הען פּלי


3
פּ ליך גליק לען זאַ די שען בענ און דיך שען חיל


בען לע זער אונ טייך דעם - בער די


דער אונז פּי איז גופלט די — ראָם פּאַ דער איז


קי טע איך מיין דאָס דער ברי — תהום


אייך.

# דער פּאָראָם.

ביי א טייך, וואָס איז טיעף און ברייט,
איך זעה אַנ׳איבערפיהר ביים ברעג שטעהן.
און אַלע צו איהם ציהען—
פון ביידע זייטען, פון ביידע ברעגען,
מענשען, פערד און וועגען,
איילענדיג, אַהין פליהען...

די אַלע מענשען
ווינשען זיך און בענשען,
זיי זאָלען גליקליך אַריבער דעם טייך.
אונזער לעבען איז דער פּאראָם,
די וועלט איז ביי אונז דער תהום —
ברידער, דאָס מיין איך טאַקע אייך;

## דער פּאָדים.

















# דער פּאָדעם.

די זון איז שוין פּערגאַנגען,
איהר שיַין איז שוין נישטאָ.
איך געה און געה,
איך זעה און זעה —
די נאַכט, זי איז שוין דאָ.
מען זעהט שוין נישט מיַין דאָריען,
ער קומט שוין נישט מעהר —
אויפ'ן הארצען איז מיר זעהר שווער.

כאָר:

דאָס פּנים, דאָס פּנים, ווי דער טויט בלאַס,
דער פּאָדעם, דער פּאָדעם פון טרעהרען נאַס.

דער טאַטע איז געשטאָרבען,
די מאַמע — אין שפּיטאַל;

איך נעה און נעה,
איך זעה און זעה
איהר וועהטאָג אַלע מאָל;
איך געה צו דער מאַמען
אויף אַ נאַנצע נאַכט,—
מאַמע, כ׳האָב דיר מיין נשמה געבראַכט!
כאָר: דאָס פנים...

ראָדיע ט׳אָבגעשיקט די תנאים—
אוי, ווינה איז מיינע יאָהר!
איך נעה און נעה,
איך זעה און זעה—
גענאַרט האָט ער מיך גאָר!
ער נעהמט אַנ׳אַנדער מיידעל
אַ כלה, יאָ, מיט געלד—
פערלאָרען, פערשפיעלט איז מיין וועלט!
כאָר: דאָס פנים...



ביי דער שוועסטער אַרבייט
שטעהט זיין געשטאַלט ביי מיר,—
איך נעה און נעה,
איך זעה און זעה,
ווי גליקליך איז ער מיט איהר!
וואָס איז זי נעביך שולדיג?
זי האָט דאָך אויך אַ האַרץ
און פיהלט דאָך דעם אייגענעם שמאַרץ!
כאָר: דאָס פנים...



# טיעף אין וועלדעלע.

לאַנגזאַם.












# טיעף אין וועלדערלע.

טיעף אין וועלדערלע שטעהט א בוימעלע
און די צווייגעלעך בליהען,
און די צווייגעלעך בליהען,—
און ביי מיר, אָרים שניידעריל,
טהוט מיין הערצעלע ציהען,
און ביי מיר, אָרים שניידעריל,
טהוט מיין הערצעלע ציהען.

אויפ'ן בוימעלע וואקסט א צווייגעלע
און די בלעטעלעך צוויטהען,
און די בלעטעלעך צוויטהען,—
און מיין אָרים, שוואך הערצעלע
ציהט צו מיין זיסער איטען,



און מיין אָרים, שוואך הערצעלע
ציהט צו מיין זיסער איטען.

אויפ'ן צווייגעלע שטעהט א פויגעלע
און דאָס פויגעלע פישטשעט,
און דאָס פויגעלע פישטשעט,—
און ביי מיר, אָרים שניידעריל,
מיין שוואך הערצעלע טרישטשעט,
און ביי מיר, אָרים שניידעריל,
מיין שוואך הערצעלע טרישטשעט!



# יאָמי, יאָמי



לע דע ליע א מיר וינג מי יאָ מי יאָ



בען האָ לען כעשי פאָר אַ וויל לע דע מיי דאס וויל לע דע מ״י ראס וואס



די ניין שי מע מאָ ניין גען דאָ — מער שוס רעם געהן מען ראַרף



מיין יאַך וואָס נישט ווייסט דו שטעהן פֿער נישט מיך קענסט

## יאָמי, יאָמי*).

יאָמי, יאָמי, זינג מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל.
—דאָס מיידעלע וויל אַ פּאָר שיכעלעך
האָבּען.
דאַרף מען געהן דעם שוסטער זאָגען..
—ניין ,מאַמעשי, ניין,
דו קאָנסט מיך נישט פערשטעהן,
דו ווייסט נישט. וואָס איך מיין.

יאָמי, יאָמי, זינג מיר אַ לידעלע.
וואָס דאָס מיידעלע וויל.
—דאָס מיידעלע וויל אַ קאָסטיומעלע האָבּען

*) יאָמי—פערצוייגען פון בנימין.



דאַרף מען געהן דער שניידערין זאָגען...
—ניין, מאַמעשי, ניין,
דו קאָנסט מיך נישט פערשטעהן,
דו ווייסט נישט, וואָס איך מיין.

יאָמי, יאָמי, זינג מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל.
—דאָס מיידעלע וויל אַ היטעלע האָבּען.
דאַרף מען געהן דער פּוצערין זאָגען...
—ניין, מאַמעשי, ניין,
דו קאָנסט מיך נישט פערשטעהן,
דו ווייסט נישט, וואָס איך מיין.

יאָמי, יאָמי, זינג מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל.
—דאָס מיידעלע וויל אַ פּאָר אוירינגלעך
האָבּען,
דאַרף מען געהן דעם גאָלדשמיד זאָגען...

—ניין, מאַמעשי, ניין,
דו קאָנסט מיך נישט פאַרשטעהן,
דו ווייסט נישט, וואָס איך מיין.

יאָמי, יאָמי, זינג מיר אַ ליעדעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל.
—דאָס מיידעלע וויל אַ חתנ׳דעל האָבען,
דאַרף מען געהן דעם שדכן זוכען...
יאָ, מאַמעשי, יאָ,
דו קאָנסט מיך שוין פערשטעהן,
דו ווייסט שוין, וואָס איך מיין.





## אוי, גוואַלד! אַ גנב...

מען איז צו מיר אריינגעקומען,
מען האָט מיין לעבען צוגענומען,—
אוי, גוואלד! אַ גנב
האָט דאָך מיך בע׳גנב׳עט!

זיבען פאָר לייכטער ווי די בערען,
דריי אָהן פיכלעך, פיער אָהן רעהרען,—
אוי, גוואלד! אַ גנב
האָט דאָך מיך בע׳גנב׳עט!

זיבען פאָר זאָקען ווי די מיצען,
דריי אָהן פיענטעס, פיער אָהן שפיצען,—
אוי, גוואלד! אַ גנב
האָט דאָך מיך בע׳גנב׳עט!

וואו איז די באָבע מיט דעם שלייער!
וואו איז דאָס קוישעלע מיט די אייער!
אוי, גוואַלד! אַ גנב
האָט דאָך מיך בע׳גנב׳עט!

## חאַצקעלע.

חאַצקעלע, חאַצקעלע,
שפּיעל מיר אַ קאָזאַצקעלע,
חאָטש אַן'אָרימע,
אַבי אַ חוואַטסקע
אָרים איז נישט גוט,
אָרים איז נישט גוט,
לאָמיר זיך נישט שעמען
מיט אונזער אייגען בלוט.

נישט קיין געבעטענע,
אַליין געקומען,
חאָטש אַן'אָרימע,
פאָרט אַ מומע!
אָרים איז נישט גוט,
אָרים איז נישט גוט.
לאָמיר זיך נישט שעמען
מיט אונזער אייגען בלוט.

## חאַצקעלע.

פּישעלעך קויפּען.





















# פּישעלעך קויפען.

בִּין איךְ מִיר גענאַנגען פּישעלעך קויפען.
האָב איךְ מִיר געקויפט אַ העכט;
אִין ווער עס אִיז שולדִיג אִין אונזער לִיבּע,
דער זאָל אויסגעהן ווִי אַ לעבט!
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ!

אָהן קײן שטײנער, אָהן קײן צִיגעל
קאָן מען קײן הויז נִישט מויערן,—
עס אִיז נִישט פאַרהאַן קײן מענש אויף
דער וועלט

וואָס ער זאָל מיך נישט בעדויערן

טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ,
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ,
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ,
טראַ-לאַ-לאַ-לאַ!



## די אײַזענבאַהן.

ווער האָט דאָס געזעהן
און ווער האָט דאָס געהערט,
אַז פֿײַער מיט וואַסער
זאָלען פֿיהרען ווי אַ פֿערד!



אָי, האָט ער אַ פֿײַפֿער
מיט אַנ'אײַזערנעם כח,
פֿון אונטען שיט ער פֿײַער,
פֿון אויבען שפּאַרט אַ רויך!

הײַסע קויהלען
איז בײַ איהם אַ מאכל,
קאַלטע וואַסער
איז בײַ איהם אַ יאַיכ'ל!
אָי, האָט ער אַ פֿײַפֿער
מיט אַנ'אײַזערנעם כח,
פֿון אונטען שיט ער פֿײַער,
פֿון אויבען שפּאַרט אַ רויך.

רבונו של עולם,
נעהם-אָב בײַ איהם די יאָהרען,—
ער זאָל נישט קאָנען פֿײַפֿען
און זאָל נישט קאָנען פֿאָהרען!

## זאָל איך זײַן אַ רבּ.



















# זאָל איך זײַן אַ רבּ.

זאָל איך זײַן אַ רבּ,
קען איך נישט קיין תּוֹרָה;
זאָל איך זײַן אַ סוֹחר,
האָב איך נישט קיין סחוֹרה.

רעפרען:

אין די פערד געהען נישט,
און די רעדער דרעהען נישט,
און דאָס ווייב שילט זיך,
אַ טרונק בראָנפען ווילט זיך —
זעה איך מיר אַ שטיין,
זעץ איך מיר און וויין!

זאָל איך זײַן אַ שוֹחֵט,
האָלט איך נישט קיין חַלָף;

זאָל איך ווערען אַ מלמד,
קען איך נישט קיין אלף.
רעפרען...

זאָל איך זיין אַ שוסטער,
האָב איך נישט קיין קאָפּיטע!
זאָל איך זיין אַ בעקער,
האַלט איך נישט קיין לאָפּעטע.
רעפרען...

זאָל איך זיין אַ קאָוואַל,
האָב איך נישט קיין קאָוואַדלע
זאָל איך זיין אַ שענקער,
צו מיין ווייב אַ פּאַדלע.





## העי הע, העמערעל...

העי, הע, העמערעל,
קום צו מיר אין קעמערעל!
כ'וועל דיר עפּיס ווייזען —
ביער אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך,
אַלטע ווייבער פּאַסטען,
שרה ליגט אין קאַסטען.

שרה, שרה, אַ רעגען געהט,
חאַפּ אריין דאָס חופּה-קלייד!
איך האָב דאָך אָבער מורא,
היינט איז שמחת תורה.

שמחת תורה-האָפּעניו,
מיט'ן פוס אַ קלאַפּעניו,
מיט דעם הענטעלע דרעהט דאָס,
און אַ מענצעלע געהט דאָס.

עלע, מעלע, יאָסקע,
אַ שווארצע כלה האָסטע,
רויטע שיכעלעך געהט זי,
אונטער אַ בוימעלע שטעהט זי:
צו וואָס שטעהט זי אונטער אַ בוימעלע?
בלעטעלעך צו רייסען!
צו וואָס טויג איהר בלעטעלעך?
קיהעלעך צו שמייסען.
צו וואָס טויג איהר קיהעלעך?
מילך אָבצומעלקען.
צו וואָס טויג איהר מילך?
קינדערלעך צו געבען.
צו וואָס טויג איהר קינדערלעך?
אַ נחת צו דערלעבען!



### דאס קינד ליגט אין וויגעלע.















# דאָס קינד ליעגט און וויעגעל.

דאָס קינד ליעגט אין וויעגעלע מיט אויסגעוויינטע אויגען,
די מאַמע ליעגט אויף דר'ערד, די פּיס אויסגעצויגען,
נישטאָ קיין מאַמע,
נישטאָ קיין נחמה!

דאָס קינד ליעגט אין וויעגעלע און חלש'ט זויגען,
די מאַמע ליעגט אין קבר מיט שאַרבענס אויף די אויגען,
נישטאָ קיין מאַמע,
נישטאָ קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, גלעטען און קאַמען,
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאָס וויעגעלע אויסראַמען!
נישטאָ קיין מאַמע,
נישטאָ קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מײַן קינד, פוצען און גלעטען,
ווער וועט דיר, מײַן קינד, דאָס וויעגעלע אויסבעטען?
נישטאָ קײן מאַמע,
נישטאָ קײן נחמה!

ווער וועט דיך, מײַן קינד, פוצען און צירהען,
ווער וועט דיך, מײַן קינד, אין חדר טיועקפירהען?
נישטאָ קײן מאַמע,
נישטאָ קײן נחמה!

ווער וועט דיך, מײַן קינד, מאַכען פאַר אַ מענשען,
און ווער וועט דיך, מײַן קינד, אונטער דער חופה בענשען?
נישטאָ קײן מאַמע,
נישטאָ קײן נחמה!

איך בין אויסגעגאַנגען אין אַלע אַפּטײקען,
כ'האָב געמײנט—דער מלאך המות וועט נישט קומען די מאַמען טויטען,
נישטאָ קײן מאַמע,
נישטאָ קײן נחמה!

כ׳בּין אויסגעפּאָהרען אויף אַלע שיפען איבער אַלע ימ׳ען,
כ׳האָב געמיינט-כ׳וועל קריגען קויפען פאַר׳ן יתומ׳ל אַ מאַמען;
נישטאָ קיין מאַמע,
נישטאָ קיין נחמה!

אין דעם יתומ׳ס וויעגעלע האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ פייער,
ווי אויפ׳ן פריַיען פעלד אין די שטרוי פון אַ שייער.

נישטאָ קיין מאַמע,
נישטאָ קיין נחמה!



## דער פֿילאָזאָף.


















# דער פֿילאָזאָף.

קום אַהער, דו פֿילאָזאָף,<br>
מיט דײַן קעציִשען מוח׳ל,<br>
קום אַהער צום רבי׳נס טיש<br>
און לערן דאָרט זיך שׂכל.

אַ דאַמפֿף־מאַשין האָט ער אויסגעקלערט<br>
און נעהמט דערמיט זיך איבער—<br>
דער רבי שפּרייט זײַן טיכעל אויס<br>
און געהט דעם ים אַריבער.

אַ לופֿט־באַלאָן האָט ער אויסגעטראַכט<br>
און מיינט, ער איז אַ חריף,—

דער רבי שפּאָט, דער רבי לאַכט —
ער דאַרף עס אויף כּפּרות.

צי ווייסט איהר, וואָס דער רבי טהוט
בעת ער זיצט בּיחידות? —
איז איין מינוט אין הימעל פליהט
און עסט דאָרט שלש סעודות!





## אונטער׳ן קינד׳ס וויעגעלע.

אונטער׳ן קינד׳ס וויעגעלע
שטעהט א גאָלדען ציגעלע,
ס׳ציגעלע איז געפאָהרען האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
ראָזשינקעס מיט פייגען —
ס׳קינד וועט שלאָפען און שווייגען.
שלאָף מיר, שלאָף מיר אין דיין רוה,
מאַך די כשר׳ע אויגעלעך צו,
מאַך זיי צו און מאַך זיי אויף,
קומט דער טאַטע, וועקט דיך אויף.
טאַטע, טאַטע, נישט אויפוועק!
דאָס קינד וועט שלאָפען ווייטער אוועק.
שלאָף־זשע, שלאָף, מיין טייער קינד,
עס וועט דיר זיין צו געזונד!

די גילדענע פאווע.



















# די גאָלדענע פאַווע.

עס קומט צופליהען די גילדענע פאַווע
פֿון אַ פרעמדען לאַנד,
פֿון אַ פרעמדען לאַנד.
האָט זי פערלאָרען דעם גילדענעם פעדער }
מיט אַ גרויסען שאַנד. } בים

עס איז נישט אַזוי דער גילדענער פעדער,
ווי די פאַווע אַליין,
ווי די פאַווע אַליין.
עס איז נישט אַזוי דער איידעם }
ווי די טאָכטער אַליין. } בים

יזי עס איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,

א פֿויגעלע אויף דעם ים,
א פֿויגעלע אויף דעם ים,
אזוי איז ביטער, מײַן ליעבע מוטער, } ב"פ
בײַ א שלעכטען מאַן.

ווי עס איז ביטער, מײַן ליעבע מוטער,
א פֿויגעלע אָהן א נעסט,
א פֿויגעלע אָהן א נעסט,
אזוי איז ביטער, מײַן ליעבע מוטער, } ב"פ
שוועדר און שוויגערס קעסט.





## שירעלע, פּערעלע.

שירעלע, פּערעלע, גילדערנע פּאָהן
משיח בן דוד זיצט אויבען=אָן;
האלט ער א בעכער אין דער רעכטער
האנד,
מאכט ער א ברכה איבער דאָס
גאנצע לאנד.

אָמן, אָמן, דאָס איז וואָהר,
משיח וועט קומען הײַנטיגען יאָהר,
וועט ער קומען צורײַטען,
וועלען מיר האָבען גוטע צײַטען,
וועט ער קומען צופּאָהרען,
וועלען מיר האָבען גוטע יאָהרען,
וועט ער קומען צוגעהן,
וועלען מיר אַלע אין ארץ=ישראל
אײַנשטעהן.

# פאָ חסידאַצקאָמו.

*Andante dolce*



































## פאָ חָסִידאַצקאָמוּ.

זאַאִיגראַי מענע, קאָזאַטשע,
נאַ דודוּ,
נאַ דודוּ,
פאָ חסִידאַצקאָמוּ.

און אַז מען טאָר נִישט,
טאָר מען נִישט, טאָר מען נִישט,
טאָר מען נִישט,
און אַז מען מעג, טאָר מען דאָך אויך נִישט.
אוי, מען טאָר נִישט, און מען דאַרף נִישט,
און ס'ווילט זיך נִישט,
עַד שֶׁתֵּצֵא נִשְׁמָתוֹ.
פאַרוואָס? פאַרוואָס?



שֶׁכֹּחוֹ וּגְבוּרָתוֹ מְסַפֵּר,
אַז אַ קאַפּיטעל תְּהִלִים,
מִיט אַ בלאַט גְמָרָא,
מִיט אַ פֶּרֶק מִשְׁנָיוֹת
ווענען דאָך אויך נִישט מְכַפֵּר.

זאַאִיגראַי מענע, קאָזאַטשע,
נאַ דודוּ,
נאַ דודוּ,
פאָ מִיסנאַגִידסקאָמוּ.
און אַז מען טאָר נִישט,
טאָר מען נִישט, טאָר מען נִישט,
טאָר מען נִישט,
און אַז מען מעג, טאָר מען דאָך יאָ.
אוי, מען טאָר נישט און מען דאַרף נישט.
חאָטש עס ווילט זיך און עס גלוסט זיך
עַד שֶׁתֵּצֵא נִשְׁמָתוֹ.

פאַרוואָס? פאַרוואָס?
שֶׁבַּחוֹ וּגְבוּרָתוֹ מְסַפֵּר,
אַז אַ קאַפּיטעל תהילים,
מיט אַ בלאַט גמָרא,
מיט אַ פּרק משניות
ווענען דאָך אויך נישט מכבר,

זאַיגראַי מענע, קאָזאַטשע,
נאַ דודג,
נאַ דודג,
פאָ אַריסטאָקראַטסקי.

אין אַז מען טאָר נישט,
טאָר מען דאָך, טאָר מען דאָך, טאָר מען
דאָך,
און אַז מען מעג, טאָר מען דאָך אַוודאי.
אײַ, מען טאָר און מען דאַרף און עס
ווילט זיך.



און עס גלוסט זיך
עד שתצא נשמתו.
פאַרוואָס? פאַרוואָס?
שבחו וגבורתו מספר,
אַז אַ קאַפּיטעל תהילים,
מיט אַ בלאַט גמרא,
מיט אַ פּרק משניות
ווענען סיי-ווי נישט מכבר.



# אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא.

אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא,
אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי,
אֵלִיָּהוּ הַגִּלְעָדִי,
בִּמְהֵרָה יָבֹא אֵלֵינוּ
עִם מָשִׁיחַ בֶּן דָּוִד

אִישׁ אֲשֶׁר קִנֵּא לְשֵׁם הָאֵל,
אִישׁ בֻּשַּׂר שָׁלוֹם עַל יַד יְקוּתִיאֵל,
אִישׁ גַּשׁ וַיְכַפֵּר עַל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל.
אֵלִיָּהוּ

## אליהו הנביא.


















# אָי, קאָרן, אָי, קאָרן.
















# אָי, קאָרן!

אָי קאָרן, אָי קאָרן!
קאָרן טהוט מען מאָהלען,
פון קאָרן מאַכט מען ברויט.
אײדרײַר דער מענש שטאַרבט אָב,
ווי בִּיטער איז דער טויט!

דער מַלְאַך הַמָוֶת, דער מַלְאַך הַמָוֶת,
ער הויבט שוין אָן צו געהן.
צוקאָפּענס טהוט ער שטעהן;
פון פֿרענט טראָגט מען ס׳ווײַבעלע
אַרוים,
פון הינטען קומט אַ שַׂרְכֶן אַרײַן.

מען שלאָגט איהם אָן אַן'אַלְמָנָה,
מען שלאָגט איהם אָן אַ גְרוּשָׁה,
ער הערט עס גאָרנישט צו;
מען שלאָגט איהם אָן אַ שען מיידעל'ע,
קריגט ער חֵשֶק דערצו.

די שטיפמוטער, די שטיפמוטער,
זי געהט די קינדער צוואָגען,
הויבט זי זיי אָן צו שלאָגען, —
און ווען זיי געהען דעם פאָטער
דערצעהלען,
טהוט ער זיי אַרויסיאָגען.

— אָי, פאָטער, אָי, פאָטער!
וואו איז אונזער ליעבע מוטער,
וואָס זי האָט אונז געבאָדען
אין מילך און אין פוטער?

— אַי, קינדער, אַי, קינדער,
אַלצדינג וועט איהר קריגען צו עסען;
אָן אייער טרפה'נער מוטער'ס נאָמען
זאָלט איהר שוין פערגעסען!

— אָי, פאָטער! אָי, פאָטער!
ברויט מיט זאַלץ וועלען מיר עסען,
אָן אונזער מוטער'ס כשר'ן נאָמען
וועלען מיר נישט פערגעסען!

— אָי, פאָטער! אָי, פאָטער!
מיר וועלען דיך נישט אָבטרעטען!
זאָג אונז וואו, אונזער מוטער ליעגט
וועלען מיר לויפען בעטען!



## שמחת־תורה.

קינדער, מיר האָבען שמחת־תורה,
שמחת־תורה אויף דער גאַנצער וועלט!
תורה איז די בעסטע סחורה—
אַזוי האָט דער רבי מיט אונז געקנעלט!

אוי, וועה! אוי־אוי־אוי!
פרעהליך, קינדער, אָט אַזוי!
רענדלעך שיטען זיך פון די זעק!
פרעהליך—אָהן אַנ'עק!!
חאָטש זיך בין מיר אַנ'אָרים יודעל,
און עס דאַרט מיר גוט דער מח,
שמחת־תורה זינג איך אַ ליעדעל
און מאַך אַ גוטע כוסה אויך!
אוי, וועה! א. א. וו.



ווער עס קען ניט מיינע צרות,
זאָל זיי ניט קענען—זאָג איך אייך;
נאָר טאַקע גלייך מיט אַלע שררות
בין איך אום שמחת־תורה רייך!
אוי, וועה! א. א. וו.

דבורה, גיב מיר די נייע קאַפּאָטע,
איך וועל זי אָנטהון טאַקע אַצינד.
איך וועל דיר זאָגען, אַלסדינג איז בלאָטע,—
אַבי מע איז, ברוך־השם, געזונד!
אוי, וועה! א. א. וו.

וואו איז בעריל, און וואו איז דוואָסי?
רוף זיי אַלע אין שטוב אַריין!
די מוהמע סאָסי, דעם פעטער יוסי—
זאָלען זיי אַלע פרעהליך זיין!
אוי, וועה! א. א. וו.

שמחת־תורה פון גאָט אַ מתנה—

וזאָל אונז תמיד הײליג זײַן!
אפילו די שטערען מיט דער לבנה
װענען געגאַנגען טרינקען װײַן.
אױ, װעה! א. א. װ.

דבורה! גיס־זשע נאָך אָן אַ גלעזעל
פון דעם יום־טוב'דיגען װײַן...
װאָס האָסטו אַראָבגעלאָזט דאָס נעזעל,
אַ רוח אין מײַנע שונאים'ס טאַטען אַרײַן!
אױ, װעה! א. א. װ.

אױ, װעה, דבורה, װאָס האָסטו מורא,
כ'בין אַ ביסעל פרעהליך, כ'קאָן ניט שטעהן?
דבורה־לעבען, אום שמחת־תורה
װער איז ניט פרעהליך? זאָג אַלײן.
אױ, װעה! א. א. װ.

צי עס דרעהען זיך מיט מיר די גאַסען?
צי עס דרעהט זיך מיט מיר די שטוב?



דבורה, זײַט האָסטו באמת געגאָסען!—
לעבען זאָלסטו, דאָס לעבען איז ליעב!
אױ, װעה! א. א. װ.

קינדער, מיר האָבען שמחת־תורה,
שמחת־תורה אויף דער גאַנצער װעלט!
תורה איז די בעסטע סחורה—
אַזױ האָט דער רבי מיט אונז געקנעלט!

אױ, װעה! אױ־אױ־אױ!
פרעהליך, קינדער, אָט אַזױ!
רענדלעך שיטען זיך פון די װעק!
פרעהליך אָהן אַ'ן עק!!



# די כלה.

*Moderato.*
















## בין איך מיר אַ כלה.

בין איך מיר אַ כלה—
אַך, ווי וואויל איז מיר!
ס'פרעהען זיך מיט מיר אַלע,
די פרייד איז נור ביי מיר.

שיקט מיר דער חתן אַ בריוועלע—
צו קושען זיינע ווערטער!
כ'וואָלט געוואָלט שוין וויסען,
צי איז ער מיין בעשערטער.

שיקט מיר דער חתן מתנות—
בענייט ער מיינע יאָהר!
שווערט ער מיר בנאמנות:
ס'וועט זיין אויף לאַנגע יאָהר!

פִיהרט מען מִיךְ צוּ דער חוּפּה,
פִיהרט מען מִיךְ צוּרִיק,—
שטעהען מײדעלעך אוּן װײבעלעך
אוּן װִינשען מִיר גלִיק.

צוּ מאָרגענס אִין דער פרִיה
דִי שמחה אִיז אִינגאַנצען;
דער מאַן זִיצט בײם טִישׁ,
דאָס װײבעלע געהט שױן טאַנצען!

שבת אִין דער פרִיה
פִיהרט מען מִיךְ אִין שוּהל,
שטעהען מײדעלעך אוּן װײבעלעך
אִין דִי גאַסען פוּל.

אִין אַכט טאָג אַרוּם
נעהמט מען מִיךְ אוֹיף קעסט,—
מען האַלט מִיךְ אַזױ אוֹיף,
װִי אַ פֿײגעלע אִין נעסט.



אִין פִיער װאָכען אַרוּם
אִיז דִי שמחה אוֹיס,—
דאָס װײבעלע לױפט אַרוּם
װִי אַ פער'סם'טע מױז.

קלײדער אוּן נדן
האָסטוּ מִיר געגעבען,
מִיט אַ שלעכטען מאַן.
מוּז איך, נעבִיךְ, לעבען!

אָי, אָי, אָי! װי װאָלט איך שױן גערן
דעם שלעכטען מאַן פטוּר װערען!
אָי, אָי, אָי! װי װאָלט איך שױן גערן
גאָר צוּריק אַ מײדעל װערען!



## חנה איז געזעסען און געשטריקט.

*Moderato*













## חנה אִיז געזועסען און געשטרִיקט.

חנה אִיז געזועסען
און געשטרִיקט אַ שאַטקע *),—
אַ בשׂוּרה האָט מען אִיהר אָנגעזאָגט,
אַז אִיהר טאָכטער אִיז אַ שמַד'קע,

רב אליה אִיז געלאָפען
טהִיר צו טהִיר:
—מײַן טאָכטער פײַגעלע
אִיז נִישטאָ בײַ מִיר!

רב אליה אִיז געלאָפען
שכנים צו שכנים:

*) אַ געשטריקט טִיכעל

—מײַן טאָכטער פֿײגעלע,
איז נישטאָ בײַ קײנעם!

רב אליה איז געלאָפֿען
צום גלח אַהײם,
האָט ער דאָרט געטראָפֿען
פֿײגעלען שטעהן.

— פֿײגעלע, פֿײגעלע,
קום אַהײם צום טיש!
„דיר אױך צו להכעיס
דעם שגץ אַ קיש."

— כ'װעל דיר געבען
קלײדער און נדן,
און דערצו
אַ גאַנץ פֿײַנעם מאַן.

„איך בין דיר מוחל



קלײדער און נדן,
נאָר דער שגץ
מוז זײַן מײַן מאַן!"

—בײַ מיר ביזטו געגאַנגען
שיך מיט קאַלאַשען,
בײַם שגץ נאָך דער חתונה
װעסטו װעש װאַשען.

בײַ מיר ביזטו געגאַנגען
אין אַ זײַדען קלײד,
בײַם שגץ װעסטו געהן
אין צרות און אין לײד.

בײַ מיר ביזטו געגאַנגען
אין אַ פֿוטערנער בױע,
בײַם שגץ װעסטו שרײַען!

## קאַשצי קוּפּוויע! *)

בײַ מיר בײַזטו געגאַנגען
און אַ ווײַדענעם ראָק,
און אַז דו וועסט פּגר'ן,
וועט קלינגען דער גלאָק!



*) כ'קויף ביינער.



## אונטער די גרינינקע בוימעלעך.

אונטער די גרינינקע בוימעלעך
שפּילען זיך משה'לעך, שלמה'לעך;
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאה'לעך —
יודעלעך פריש פון די אײעלעך,
גופים'לעך—שטרוי, רויך און פעדערלעך—
נעהם און צובלאָז זײ אויף גליעדערלעך—
חאַפּען זײ אויף גרינגע ווינטעלעך
און עס צוטראָגען זײ פויגעלעך...
נאָר אײן זאַך פערמאָגען זײ — אויגעלעך,
די אויגען פערמאָגען צוויי פּינטעלעך,
וואָס גליהען און פינקלען און טונקען זיך,
און עפּים ווי נביא'יש און וואונדערליך
פערטראַכטען זיך טיעף און פערקוקען זיך
אויף נעכטיגע טעג און אויף פויגעלעך--
אוי! מיר זאָל זײַן, יודישע קינדערלעך,
פאַר אײערע כשר'ע אויגעלעך!

## המבדיל בין קודש.

המבדיל בין קודש—
מִיט אַ מײַדעלע איז אַלע סודות,
פאַר אַ מײַדעלע איז אַלע זאַכען,
מיט אַ מײַדעלע איז גוט צו לאַכען,
פאַר אַ מײַדעלע איז גאָר אינגאַנצען,
מיט אַ מײַדעלע איז גוט צו טאַנצען,
מיט אַ מײַדעלע איז גוט צו שמועסען,
אַי, אַ מײַדעלע איז גוט צו קושען!



## הַמַּבְדִיל.

*Moderato.*

הַ - מַבְ - דיל בֵּין קוֹ - דֶש
מיט אַ מיי - דע - לע איז אַ - לע סוֹ - דות
פאַר אַ מיי - דע - לע איז אַ - לע זאַ - כען
מיט אַ מיי - דע - לע איז גוט צו לאַ - כען
פאַר אַ מיי - דע - לע איז גאָר אין - גאַנ - צען,
מיט אַ מיי - דע - לע איז גוט צו טאַנ - צען,
מיט א מיי - דע - לע איז גוט צו שמו - סען,
אוי, אַ מיי - דע - לע איז גוט צו קו - סען.

# אַף בּרי.

*Ad libitum*





















## אַף בּרי.

אַף ברי,
ס'איז ניטאָ וואָס צו נעבען עסען די קיה
דער זומער נעהט אַוועק
און דער ווינטער קומט צוריק,
און קיין געלה איז ניטאָ!

די שטיוועל זענען צוריסען,
אַי-אַי-אַי!
די קוטשמע איז צושמיסען, אַי-אַי!
און קיין געלה איז אַלץ ניטאָ!

און דער דאַך איז צוקראָכען,
אַי־אַי־אַי!
די ווענד זענען צובראָכען, אַי־אַי!
און קיין געלד איז אַלץ ניטאָ!

די שטוב פֿאַלט איין,
אַי־אַי־אַי!
דעם מלמד קומט נאָך פֿאַר יענעם זמן, אַי־אַי!
און קיין געלד איז אַלץ ניטאָ

אין דרויסען ווערט שטאַרק קאַלט,
אַי־אַי־אַי!
די קאַמער פֿון האָלץ איז ריין ווי גאָלד, אַי־אַי!
און קיין געלד איז אַלץ ניטאָ!

אין דרויסען ווערט גרויסע בלאָטעס,
אַי־אַי־אַי!



די שטיוועל זענען גאָלע לאַטעס, אַי־אַי!
און קיין געלד איז אַלץ ניטאָ!

דאָס מיידעל חויל אַ קליידעל,
אַי־אַי־אַי!
דאָס יונגעל געהט מיט'ן נאַקעטען... אַי־אַי;
און קיין געלד איז אַלץ ניטאָ!



## אַ בריעף פון אַמעריקאַ

טײַערע מאַמע, טײַערע מוטער, —
דו, מײַן טײַער, כשר הארץ,
צי ווייסטו, ווי איך ווײן אַזוי ביטער
און ווי טיעף איז דאָ מײַן שמאַרץ?
וואָס וואָלט איך ניט אַוועקגעגעבען,
איך זאָל טהון אויף דיר אַ בליק!
איך וואָלט געשטרעקט דאָס לעבען,
איך זאָל קומען צו דיר צוריק!...

נאָר ס'איז ניט די דאָזיגע יאָהרען,
וואָס מען קאָן גיך טהון אַלסדינג:
מאַמע, כ'קאָן צו דיר ניט פאָהרען—
שרײַבען איז מיר דאָס ניט גרינג!



לאה'ניו לאָזט ניט, זי האָט מורא,
פאַר דעם „פּריזיווי" ציטערט זי,
און מײַן פּיצעל קינד, מײַן דבורה,
האַלט מיך מיט איהרע הענטלעך צו.

אַז איך זעה זי, ווערט מיר גרינגער:
דו וואָלסט הערען ווי זי רעדט!
ווי זי ווײַזט מיט דעם גרויסען פינגער
אויף דער באָבעניו'ס פאָרטרעט..
און מײַן שענער יונג, מײַן סאַני,
פּרבײַט-גאָלדענע האָט ער העגד
משה'לע זאָגט שוין „מודה־אני",
רחל'ען וואָלסטו ניט דערקענט...

דו דערמאָהנסט זיי מן־הסתמא
און דו בענשט זיי אודאי דאָרט...
זיי גריסען, קושען דיך, טײַערע מאַמע, —
זײַ געזונד!... נאָר נאָך איין וואָרט:

אַז דו װעסט אױף דעם בית־עולם קלאָגען—
יאָהרצײַט האָבען מיר ערב־שבועות־
זאָלסטו דאָרט דעם טאַטען זאָגען,
אַז איך שיק איהם אָב אַ גרוס...

טײַערע מאַמע, טײַערע מוטער,
דו, מײַן טײַער, כּשר האַרץ,
צי װײסטו, װי איך װײן אַזױ ביטער
און װי טיעף איז דאָ מײַן שמאַרץ?..





## בין איך אַ מלמד'ל.

בין איך אַ מלמד'ל,
קנעל איך אױפ'ן דאָרף אַ זמן;
נעהם איך דאָרטען מלמדות־געלד
אַנ'אַכטעל קאַרטאָפעל פון דעם פּאַן.

לערן איך דאָרטען עברי
מיט די פױערישע קעפּ,
און איך רײַס די מײדלעך
פאַר די גרױסע צעפּ.

קאָנטשע איך ביז פּסח
דעם גרױסען זמן,
פאָהר איך צו מײַן װײַב אהײם
מיט אַ פוסטען קאַרמאַן.

# די אַלטע־קשיא.

פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא:
טראַ־לאַ־טראַ־די־רי־די־ראָם?
ענטפערט מען:
טראַ־די־רי־די־ריי־לאָם!
אי, אי, טראַ־די־רי־די־ראָם!
און אז מען וויל קאָן מען דאָך זאָגען:
טרײַ־דים!
בלײַבט דאָך ווידער די אַלטע קשיא:
טראַ־לאַ־טראַ־די־רי־די־ראָם?
ענטפערט מען: —



## די אַלטע קשיא.


















## דעם מיהלנער'ס טרעהרען.

אוי, וויפיעל יאָהרען
זענען פערפאָהרען,
זינט כ'בין אַ מיהלנער אָט־אָ־דאָ...
די רעדער דרעהען זיך, } ביס
די יאָהרען געהען זיך,
איך בין שוין אַלט, און גרייז, און גראָה,

ס'איז טעג פאַרהאַנען,
כ'וויל מיך דערמאַנען,
צי כ'האָב געהאַט אַ שטיקעל גליק?...
די רעדער דרעהען זיך, } ביס
די יאָהרען געהען זיך,
קיין ענטפער איז ניטאָ צוריק.




אין פערלאַג „ליראַ“ ווארשא

איז ערשינען אַ בוך

יודישע

פאָלקס־ליעדער

אין דעם בוך איז געזאַמעלט די בע־ליעבטסטע און פּאָפּולערסטע פאָלקס־ליעדער, וועלכע ווערען געזונגען און רעקלאַמירט אויף פערוויילונגען און קאָנצערטען.

צו די ליעדער איז צוגעגעבען נאָטען צום זינגען און שפּיעלען אויף פידעל און גיטאַרע. פיין געדרוקט אלבאָם פאָרמאַט מיט אַ שעהן אילוסטרירטע הילע.

פּרייז 2,50 מארק.



מײַן טרײַע מינצי,
מײַן קינד, מײַן שפּרינצי.
אוי װעה, אַ יאָמער, אוי, אַ שרעק!
די רעדער דרעהען זיך,
די יאָהרען געהען זיך, בּיס
מיט זײ זענט איהר אויך בּאַלד אַװעק.

פֿון גליק פֿערטריבען,
בּין איך געבּליבען
אָהן װײַב, אָהן קינד אָט־דאָ אַלײן...
די רעדער דרעהען זיך,
די יאָהרען געהען זיך, } בּיס
און עלענד בּין איך, װי אַ שטײן.

איך האָב געהערט זאָגען,
מ'װיל מיך פֿעריאָגען
צוּרויס פֿון דאָרף און פֿון דער מיהל...



די רעדער דרעהען זיך,
די יאָהרען געהען זיך, } בּיס
אוי, אָהן אַנ'עק און אָהן אַ ציעל...

װאו װעל איך װאוינען?
װער װעט מיך שוינען?—
איך בּין שוין אַלט, איך בּין שוין מיעד...
די רעדער דרעהען זיך,
די יאָהרען געהען זיך
און אויך מיט זײ געהט־אויס דער יוד...



# וואָס וועט זײַן מכּה בּוריקעס?

—אָי, מײַן מאַן, וואָס וועט זײַן מכּה בּוריקעס?
—הער, מײַן ווײַב, בּיז פּסח איז נאָך דרײַ וואָכען
און בּוריקעס וועלען מיר לײַהען בּײַם שכן—
און קײַן געלד איז אַלץ ניטאָ!

—אָי, מײַן מאַן! וואָס וועט זײַן מכּה מצה=מעהל?
—הער, מײַן ווײַב, געה אין קעלער און נעהם די צינענע טעלער
און פֿער'משכּון בּײַם מעהלער—
און קײַן געלד איז אַלץ ניטאָ!

—אָי, מײַן מאַן, וואָס וועט זײַן מכּה שיך?
—הער, מײַן ווײַב, ניט האָב קײַן פּאַראיבעל,
איך האָב אַלײַן קײַן פּיצעל שטיוועל—
און קײַן געלד איז אַלץ ניבאָ!















# וואָס וועט זיין מיט ר׳ ישׂראל ...

*Adagio religioso*

וואס וועט זיין מיט ר׳ ישׂ - רָ - אֵל דעם

יוצאַ-שׁ-מַ אַז נו מִי - יָ - בְ רָה-הֶ - בְּמ מען — פּרו

-בי - נ טצ-אַל די זיין דער-ווי ב׳וועלען מען - קו

- כ׳ גען - זינ וועלען דְשׁ - מְק -הָ בֵּית אין אים

רי - בי - רי - טי יים וְ - לְ מיט נִים - חָ ·

וועלען מיר — !באַם —, ביָם, באַם, באַם, באַם, בים

ס׳וועלען טים - - פָּ - מְשׁ - ו קים-חָ נע - גע - איי בען-האָ

און טים - שְׁבָ צוועלף די זיין דער - ווי

און גָל - דָ זיין האָבען וועט בֶט - ש דער - יע

רי-בי-רי-טי - רגל לְה-צוּ זיין מען וועט יאָהר אין מאָל דריי

; די !באַם —, באַם, באם, באַם, באַם, בים

דער - - ווי בען-לע-אויפֿ וועט ים - ל - ש-רי-יְ שנאַט

דער - לי יונ׳ס - צְ גען-קלינ וועלן דער-פֿעל די אויף

און צען - שי -בע אונז סֶד - חָ זיין מיט וועט גאָט

צען - זי היג - רו שטאָק- ויינ זיין טער-אינ וועט דער- יע

בים, באַם, בים, באם, באַם, באם, באם רי-בי-רי - טי

## וואָס וועט זײַן מיט ר׳ ישראל דעם פרומען?

וואָס וועט זײַן מיט ר׳ ישראל דעם פרומען
במהרה בימינו, אַז משיח וועט קומען?
ס׳וועלען ווידער זײַן די אַלטע נביאים,
אין בית המקדש וועלען זינגען כהנים און לוויים –
טידי-בידי, בים-באָם, בים-באָם.

מיר וועלען האָבען אייגענע חוקים ומשפטים,
ס׳וועלען ווידער זײַן די צוועלף שבטים
און יעדער שבט וועט האָבען זײַן דגל
און דרײַ מאָל אין יאָהר וועט מען זײַן עולה רגל,

די שטאָדט ירושלים וועט אויפלעבען ווידער,
אויף די פעלדער וועלען קלינגען ציון׳ס לידער,
גאָט וועט מיט זײַן חסד אונז בעשיצען
און יעדער וועט אונטער זײַן ווײַנשטאָק רוהיג זיצען

# דירה געלד.

*Allegro.*

און געלד רה-די אוי! ,אוי ,אוי און געלד רֶה-די

וואָי - דאָ - גראַ, און געלד רֶה-די ,מאָי זשע - באָ

דער ריַין - אַ קומט .לען צאָה מען מוז געלד רֶה-די

טעל - הי; דאָס ראָפּ - אַ ער נעהמט • סטרוזש

אַ רויס-אַ ער הענגט געלט רֶה-די קיין צאָהלט מען אַז און

אוי! ,אוי ,אוי און געלט רה - די טעל - קווי

און געלט רֶה-די מאָי! זשע-באָ און געלד רֶה-די

לען! - צאָה מען מוז געלט רֶה-די ,וואָי - דאָ גראַ



# דירה=געלד.

דירה=געלד און אָי=אָי=אָי!
דירה=געלד און באָזשע מאָי!
דירה=געלד און גראָדאָוואָי,
דירה=געלד מוז מען צאָהלען!

קומט אַריַין דער סטרוזש,
נעהמט ער אַראָב דאָס היטעל;
און אַז מען צאָהלט קיין דירה=געלד,
הענגט ער אַרויס אַ קוויטעל.
דירה=געלד א. א. וו.

קומט אַריַין דער רזשאָנצע
מיט דעם גראָבען שטעקען;

און אַז מע גיט נישט קיין דירה־געלד
שטעלט ער אַרויס די בעטען.
דירה־געלד, א. א. וו.

— פֿאַרוואָס זאָל איך אייך געבען דירה־געלד,
אַז די קיך איז צובראָכען?
פֿאַרוואָס זאָל איך אייך געבען דירה־געלד,
אַז איך האָב ניט אויף וואָס צו קאָכען?

דירה־געלד און אָי־אָי־אָי!
דירה־געלד און באָזשע מאָי!
דירה־געלד און גראָדאָוואָי,
דירה־געלד מוז מען צאָהלען



## לאָמיר זיך איבערבעטען.

לאָמיר זיך איבערבעטען,
האָב אויף מיר רחמנות;
לאָמיר זיך איבערבעטען,
כ'האָב דיך ליעב סבנות!

לאָמיר זיך איבערבעטען,
וואָס שטעהסטו ביי דער טהיר? —
לאָמיר זיך איבערבעטען,
גיב אַ קוק אויף מיר.

לאָמיר זיך איבערבעטען,
כ'בעט דיך, זיי מיר מוחל;

לאָמיר זיך איבערבעטען,
שענק מיר דײַנס אַ שמייכעל,

לאָמיר זיך איבערבעטען,
שעם דיך, עטיל דבורה!
לאָמיר זיך איבערבעטען,
די צייט איז אַנ׳עברה.

לאָמיר זיך איבערבעטען.
קום אַהער אַרײַן;
לאָמיר זיך איבערבעטען,
וועל איך שטעלען ווײַן.

לאָמיר זיך איבערבעטען,
דו וועסט זײַן מײַן כלה;
לאָמיר זיך איבערבעטען,
וועלען זיך פרעהען אַלע.

לאָמיר זיך איבערבעטען,



מיר׳ן רופען מוזיקאַנטען;
לאָמיר זיך איבערבעטען,
כ׳וועל דיר קויפען בּאַרליאַנטען.

לאָמיר זיך איבערבעטען,
וואָס ביזטו פערטראַכט?—
לאָמיר זיך איבערבעטען
און הוליען אַגאַנצע נאַכט.

# אָי, אַבראַם.

אָי, אַבראַם, אִיך קאָן אָהן דִיר נִישט זײַן!
אִיך אָהן דִיר און דו אָהן מִיר
קאָנען מִיר בײדע נִישט זײַן.
געדענקסטו, געדענקסטו, בײַ דעם טויער
האָסטו מִיר געזאָגט אַ סוד אִין אויער:
אָי װעה, רבקה'ניו, גִיב זשע מִיר דײַן
פִּיסקעניו!

אָי, אַבראַם, אִיך קאָן אָהן דִיר נִישט זײַן!
אִיך אָהן דִיר און דו אָהן מִיר
קאָנען מִיר בײדע נִישט זײַן.

## אָי, אַוראַם.















געדענקסטו, געדענקסטו, בײַם בולוואַר,
דו-דער קלוגער, איך—דער נאַר...
אױ װעה, רבקה'ניו, גיב זשע מיר דײַן
פיסקעניו!

אױ, אַבראַם, איך קאָן אָהן דיר נישט זײַן!
איך אָהן דיר און דו אָהן מיר
קאָנען מיר בײדע נישט זײַן.
געדענקסטו, געדענקסטו דאָס רויטע
קלײדעל,
װי איך בין געװען אַ זיסע מײדעל?...
אױ, װעה, רבקה'ניו גיב-זשע מיר דײַן
פיסקעניו!



## „ער האָט מיר צו געזאָגט"

לאַנגזאַם.











## ער האָט מיר צוגעזאָגט.

ער האָט מיר צוגעזאָגט, ער האָט מיר צוגעזאָגט,
ער האָט מיר צוגעזאָגט צו נעהמען.
ער געהט אוועק צו אַנ׳אַנדער מיידעל,
טהוט מײַן הארץ קלעמען.
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף,
און דײַן טײַערן שלאָף!
אַז גאָט וועט איהם בעצאָהלען
פאַר די פאַלשע ליעבע,
דאָס וועט זײַן זײַן שטראָף.

ס'איז גאָר נישטאָ קיין עפּעלע.
וואָס זאָל נישט זיין קיין וואָרם אין ד'רינגן;
ס'איז גאָר נישטאָ קיין מאַנספּערזאָן,
וואָס זאָל נישט האָבען קיין פאַלשען זינען,
אַך, שלאָף, מיין קינד, שלאָף
אין דיין טייערן שלאָף א. א. וו.

איך האָב זיך גענייהט אַ קליידעלע,
פון פינף אַרשין די ברייט
קיין גוטס און קיין האָב זאָלען זיי נישט האָבען.
די, וואָס האָבען אונזער ליעבע פונאַנדערגעשיידט;
שלאָף, מיין קינד, שלאָף
אין דיין טייערן שלאָף א. א. וו.



## די מאַמע האָט מיך געשיקט...

די מאַמע האָט מיך געשיקט
קויפען אַ יאַשטשיק,
האָט זיך אין מיר פערליבט
אַ בחור אַ פּריקאַזטשיק...

אָי, איז דאָס אַ בחור'ל
אַ שענם און אַ פיינם,
מיר פאַר זיינע ביינדעלעך,
קעצעלע דו מיינם...

די מאַמע האָט מיך געשיקט
קוילען אַ הוהן,
האָט זיך אין מיר פערליבט
דעם שוחט'ס אַ זוהן...

אָי, איז דאָס אַ שוחט'ל
אַ שענם און אַ פיינם,
מיר פאַר זיינע פאה'קעלעך,
קעצעלע דו מיינם...

די מאַמע האָט מיך געשיקט
פרעגען אַ שאלה,
האָט זיך אין מיר פערליבט
דער רב אויף אַ ווײלע...

אָי, איז דאָס אַ רב'זלע
אַ שענם און פיינם,
מיר פאַר זיין שפּיץ־יאַרמעלקע,
קעצעלע דו מיינם...



# אַ ליעבע.

*Andante*



















## אַ ליעבע, אַ ליעבע.

אַ ליעבע, אַ ליעבע איז גוט צו פֿיהרען  
מיט אַ מענש, אָבער נישט מיט דיר,  
געוואַלד, איך וועל דורך דיר קראַפּירען!  
וואָס האָסטו זיך איינגעליעבט אין מיר?

וואָס שטעהסטו אונטער מיינע פענסטער,  
אַזוי ווי אַ זעלנער פאַר דער טהיר?  
צי בין איך דען די טייערסטע, די שענסטע?  
וואָס האָסטו זיך איינגעליעבט אין מיר?

אַ פײַער האָט געדאַרפט דאָס הויז
פערברענען,
אײדער אִיך האָב דִיך דאָרט געזעהן;
דער טײַוועל האָט מִיך געדאַרפט צונעהמען,
אײדער דו האָסט זִיך אײַנגעלִיעבט אִין מִיר!

וועסט קרִיגען אַ שענערע און אַ בעסערע,
זִי וועט זײַן קלִיגער נאָך פאַר מִיר;
אַ בריה וועט זִי אויך זײַן אַ גרעסערע, —
וואָס־זשע האָסטו זִיך אײַנגעלִיעבט אִין מִיר?





## שמערִיל מִיט דער פִידעל.

שמעריל מיט דער פִידעל,
יעקיל מִיט דעם באַס,
שפּיעלט מִיר אויף אַ לִיעדעל
אויפ'ן מיטען גאַס!
אָי־אָי־אָי, אָי־אָי־אָי!

צעהן גוטע ברִידער זענען מִיר געוועזן,
האָבען מִיר געהאַנדעלט מִיט ווײַן,
אִיז פון אונז געוואָרען מעהר נִיט ווי נײַן.
(בִּיס)

נײַן גוטע ברִידער זענען מיר געוועזן,

האָבען מיר געהאַנדעלט מיט פּראַכט,
איז פֿון אונז געוואָרען מעהר ניט ווי אַכט.
(ביס)

אַכט גוטע ברידער זענען מיר געווען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט ריבען,
איז פֿון אונז געוואָרען מעהר ניט ווי זיעבען.
(ביס)

זיעבען גוטע ברידער זענען מיר געווען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט געבעקס,
איז פֿון אונז געוואָרען מעהר ניט ווי זעקס
(ביס)

זעקס גוטע ברידער זענען מיר געווען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט שטרימפּ,
איז פֿון אונז געוואָרען מעהר ניט ווי פֿינף.
(ביס)



פֿינף גוטע ברידער זענען מיר געווען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט ביער,
איז פֿון אונז געוואָרען מעהר ניט ווי פֿיער.
(ביס)

פֿיער גוטע ברידער זענען מיר געווען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט בליי,
איז פֿון אונז געוואָרען מעהר ניט ווי דריי.
(ביס)

דריי גוטע ברידער זענען מיר געווען,
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט טהיי,
איז פֿון אונז געוואָרען מעהר ניט ווי צוויי.
(ביס)

צוויי גוטע ברידער זענען מיר געווען.
האָבען מיר געהאַנדעלט מיט ביינער,

איז פון אונז געבליבען גור איך איינער.
(ביס)

איין גוטער ברודער בין איך מיר געוועזן,
האָב איך מיר געהאַנדעלט מיט טראָן,
איז פון מיר געוואָרען אַ גרויסער האָהן,

שמעריל מיט דער פידעל,
יעקיל מיט דעם באַס,
שפּיעלט מיר אויף אַ לידעל
אויפ'ן מיטען גאַס!
אָי-אָי-אָי, אָי-אָי-אָי!


פערלאג „לירא"

דער הומאָריסטישער
דעקלאַמאַטאָר

אַ זאַמלונג פון לידער, פּאַראָדיען, עפּיגראַמען
א. ד. גל.
פאַר יודישע קאָנצערטען, פערוויילונגס-אָווענדע און פאַמיליען-אונטערהאַלטונגען.

צוזאַמענגעשטעלט דורך
חגי און דעם קעסט-קינד.

דאָס בוך ענטהאַלט אַ גרויסען אויסגעוועהלטען צום גרעסטען טייל נייעם הומאָריסטיש-דעקלאַמאַטאָרישען מאַטעריאַל פון די פּאָפּולערסטע יודישע שריפטשטעלער און הומאָריסטען.

אין דעם בוך געפינט זיך אויך אַ ריהע קליינע לידעלעך צו דעקלאַמירען אויף „ביס", צוזאַמען מיט אַ ספּעציעלע אָבטיילונג פון דעקלאַמאַציעס „לכבוד יום-טוב".

דאָס בוך איז שוין ארויסגעגעבען אויף פיין פּאַפּיר.

פּרייז 3,50 מאַרק.

הויפּט-פערקויף ביי געזעל. „צענטראַל" וואַרשא, נאָוואָליפּקי 7.

Ges. „CENTRAL", Warschau, Nowolipki 7

# אַלֶף-בֵּית.

*Andantino*













# דֶער פְּרִיפֶּעטְשִׁיק.

אוֹיפ'ן פְּרִיפֶּעטְשִׁיק בְּרֶענְט אַ פַייֶערִיל,
אוּנ אִין שְׁטוּב אִיז הֵייס,
אוּנ דֶער רֶבִּי לֶערֶענְט קְלֵיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ
דֶעם אַלֶף בֵּית,
זֶעהְט שְׁזֶע קִינְדֶערְלַאךְ גֶעדֵיינְקְטְשְׁזֶע טַייֶערֶע.
וָואס אִיהר לֶערֶענְט דָא.
זָאגְט שְׁזֶע נָאךְ אַמָאהל אוּנ טַאקִי נָאךְ אַמָאהל
קָמֶץ אַלֶף אָ.

לֶערֶענְט קִינְדֶער מִיט גְרוֹיס חֵשֶׁק,
אַזוֹי זָאג אִיךְ אַייךְ אָהְן,
וֶוער עֶס וֶועט גִיכֶער פוּן אַייךְ קֶענֶען עִבְרִי.
דֶער בַּאקוּמְט אַ פְּפָאהְן,
זֶעהְט שְׁזֶע . . .

לֶערֶענְט קִינְדֶער הָאט נִיט מוֹרָא,
יֶעדֶער אָנְהוֹיבּ אִיז שְׁוֶועהְר.

גְלִיקְלִיךְ דֶער וָואס הָאט גֶעלֶערֶענְט תּוֹוְ ה
צוּ בַּארְף דֶער מֶענְטְשׁ נָאךְ מֶעהר,
זֶעהְט שְׁוֶע...

אִיהר וֶועט קִינְדֶער עֶלְטֶער וֶוערֶען,
וֶועט אִיהר אַלֵיין פֶערְשְׁטֵיין,
וויפִּיל אִין דִ״א אוֹתִיוֹת לִיגֶען טְרֶערֶען
אוּנ וִויפִּיל גֶעוֵויין,
זֶעהְט שְׁוֶע...

אַז אִיהר וֶועט קִינְדֶער דֶעם גָלוּת שְׁלֶעפֶּען,
אוּיס גֶעמוּטְשֶׁעט זַיין,
זָאלְט אִיהְר פוּן דִיא אוֹתִיוֹת כֹּחַ שֶׁעפִּין.
קוּקְט אִין זֵיי אַרַיין,
זֶעהְט שְׁוֶע קִינְדֶערְלַאךְ גֶעדֵיינְקְטְשְׁוֶע טַייֶערֶע,
וָואס אִיהר לֶערֶענְט דָא,
זָאנְט שְׁוֶע נָאךְ אַמָאהל אוּנ טַאקִי נָאךְ אַמָאהל
קָמֶץ אַלֶף אָ.



פֿערלאַג „ליראַ".

שוין ערשינען:

## ● ציון'ס=האַרפּע ●

אַ זאַמלונג פֿון פּאָפּולערסטע און נײַעסטע נאַציאָנאַלע ליִעדער (אין יודיש), וואָס ווערען יעצט אומעטום געזונגען און דעקלאַמירט אויף פיר שול=יוגענד.

צו די לידער זענען צוגעגעבן פיער נאָטען צום זינגען און שפּיעלען אויף פֿידעל און גיטאַרע.

שעהן עלעגאַנט ארויסגעגעבן. 170 זייטען, אלבאָם-פאָרמאַט.

פּרייז 1, 75 מאַרק

הויפּט-פֿערקויף ביי געזעל. „צענטראַל, וואַרשאַ נאָוואָליפּקי 7.



הוצאת „ליראַ". ורשה.

## מבחר שירי ציון ושירי עם.

מהדורה שניה מתוקנת עם מלואים.

בספר זה נאספו שירי ציון ושירי עם, המושרים גם בפי הגדולים וגם בפי הילדים בבתי־ספר העברים, לשירים נהוספו גם תוי־זמרה.

הספר מחזיק 170 עמודים ונדפס בהדור רב בפורמט אלבומי.

המחי 150 מארק.

